פאר קליינע ה





ל. קוויטקאָ

# דער גרויסער קניש

פאַר קלײנע קינדער

1921.

פאַרלאַג
„קולטור-ליגע"
קאָוונע

ל. קוויטקאָ.

# דער גרויסער קנייש.

1921.

פאַרלאַג
«קולטור־ליגע»
קאָווגע.

# לכּע לידעלאַך:

1) דער גרויסער קניש.

2) ר י ט ש ק ע ס.

3) מיר ווייסן שוין.

4) דעם סעדל.

5) אין די סעדער.

6) מיין ליוסי.

# דער גרויסער קניש. *)

וואוינט אַ באבעצי אין וואלד,
מיט אן אייניקל אין וואלד,
מיט אַ גרויסן גרויען הונט — קודלאַי
קלויבט דאס יינגעל שוועמעלאַך,
באַקט די באבע זעמעלאך,
און פון גרעזעלאַך—פישעלאך,
באַקט די באבע קנישעלאַך,—
האדעוועט דעם אייניקל,
דעם קלייניקן,
און קודלאַ׳ן.

גייט דער אייניקל צום טיש
וויינט ער:
וויל איך, וויל אַ גרויסן קניש
שטענדיק איינע, אַלצואיינע,
שטענדיק קליינע !!!

---

*) קניש — אַ הײַטעלע פון טייג, אָנגעפילט מיט קאַרטאָפלי, מיט בעבלאַך א. א.

איינמאָל קומט ער אויף דער גיך,
טוט אַ קוק אַריין אין קיך, —
ליגט אַ קניש, אַ קניש—אַ בער —
גרויס, און הויך, און ברייט און שווער!
— באָבע, באָבע, עפן טירן,
כ׳וועל דעם קניש באַלד איבערפירן, —
קודלאַ, גיבער, כ׳קען ניט רירן!

טראָגט מען, שלעפט מען אים, דעם קניש,
לייגט מען אים אַוועק אויף טיש,
גייט דער קליינער טוט א ביס:
אַך ! ! ! —
אז ס׳האָט געטאן אַ בלאָז !
אַז ס׳האָבן זיך געטאן אַלאָז
זיבן פויגלן געלע — נאָז ! —
ענדום - פענדום
פונעם קניש,
האַקען, קראַקען,
דרייען, קרייען

אַרום יינגעל
אַרום טיש: —
— קליינער אייִנער
דו אַזוינער און אַזוינער
טאַרטאַר טאַרטאַר טאַרטאַר טאַר,
ווילסטו נאָר א גרויסן קניש ? ?
קאַרקאַר קאַרקאַר קאַרקאַר קאַר
נאַ זשע דיר אַ גרויסן קניש ! !

## ריטשקעס. *)

מאַרש אַראָפּ די שיך און זאָקן !
ריטשקעס, ריטשקעס אָן אַ שיעור !
לאָזט די קעסטעלאַך און שפּענדלאַך
און די שיפלאַך פון פּאַפּיר.

העכער קני פאַררוקט די הויזלאַך,
מיט די ריטשקעס לויפן גלייך !

*) ריטשקעס — רעגן־שטראָמען איבער דער ערד.

— ווער ה'עט שפאנען זיך אין פערדלאַך ?
ווער וועט גיכער זיין ביים טייך ?

— איך האָב לאַנגע רויטע צוימלאַך !
— איך האָב גיכע הוילע פיס !
— נו, געשפאַנט זיך גיך אין נאַ'שפיץ ! *)
מיט אַמאָל, נו, טוט אַ ריס !

פררר ! ניט פליוסקעט אַזוי, פערדלאך,
פררר ! ניט פליוסקעט זאָג איך אייך !
— אַך ! — געבריקעוועט אין נאַ'שפיץ,
און די ערשטע מיר ביים טייך !



*) נאַ־שפּיץ — צווי פּאָר, געשפּאַנט איינע נאָך דער אַנדער.

# מיר ווייסן שוין.

אַמאָל, אמאָל, אין אַ גרינעך שטאָט אין אַ גרי-
נעם לאַנד איז אַ באָבעצי געווען,
אַ באָבעצי און א זיידעצי.
פלעגן זיי אַרבעסלאַך קאָכן און זיך וואַרעמען
אויף דער זון.
אַ גוטע באבעצי.
אַ גוטער זיידעצי.
נאָר די באבעצי און זיידעצי האָבן געהאַט אַזאַ
טבע: קיינעם ניט קאנען אויסהערן ביז'ן סוף.
ווען אַ שכנה פלעגט אַמאָל אַריינקומען און
אָנהויבן דערציילן אַ שטייגער:
„אין שטאָט איז דורכגעפאָרן דער״ — פלעגן
זיי באַלד איבערשלאָגן די רייד:
— מיר ווייסן שוין! מיר ווייסן שוין!....
צו עפעס אַנדערש אַ שטייגער וועלן דערציילן:
„דאָס קעלבעלע איז געכטן פאַר״ — איז אַלץ:

— מיר ווייסן שוין! מיר ווייסן שוין!

אַזוי האָבן די באָבעצי און זיידעצי קיינעם גאָר ניט געלאָזט אויסריידן ביז׳ן סוף.

מאַכט זיך איינמאָל, זיי זיצן אַזוי און עסן אַרבעסלאַך, קומט אַריַין אַ מענטש. ער טראָגט אַ מאַנטל אויף דער האַנט, און זאָגט:

— אַז מען טוט דעם מאַנטל אָן, און אַז מען פאַרשפּיליעט אים אויף איין קנעפּל, הויבט מען זיך אויף גליַיך מיט׳ן דאַך. ווען מען פאַרשפּיליעט אויף צוויי קנעפּלאך, הויבט מען זיך אויף העכער דעם וואַלד. און ווען אַף דריַי קנעפּלאַך, הויבט מען זיך אויף ביזן — האָבן זיך שוין דער זיידעצי און באָבעצי ניט געקאָנט איַינהאַלטן און אויסגעשריען:

— מיר ווייסן שוין! מיר ווייסן שוין! און זיך ניט דערפרעגט אפילו, ווי אַזוי לאָזט מען זיך אַראָפּ צוריק, האָט דער זיידעצי אַ כאַפּ געטאָן דעם מאַנטל, אָנגעטאָן און מיט אַמאָל פאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּ און — פּיף–פּאַף — גליַיך צום הימל אַרויף!

איז די באָבעצי אין דרויסן אַרויס, איז אומגעגע־
לאָפן מיט אויפגעהויבענע קאָפּ און הענט צום הימל
און זיך באַרימט:

— זעט, זעט, מיין מאַן פליט! מיין מאַן
פליט! אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט ביז זי איז אין אַ גרוב
אַריינגעפאַלן. אין גרוב האָט אַ טייכל געוּונען.
מען זאָגט, אַז דער זיידעצי איז געוואָרן אַ גאַנער און
די באָבעצי אַ פיש.

נאָר דאָס איז נאָך גוט פאַר אזוינע צוויי שלעק
ווי זיי זיינען געווען.

## דעם סעדל.

אַ גוט מאָרגן סעדל מיינס!

דיר עפּל־בוים, דיר דאָרן! —

טאָכטער דיינע, מאָנכעלע

אַ גרויסע שוין געוואָרן!

נעכטן ערשט, דיין טאָכטערל
אין גרינעם כ'האָב געלאָזן
איצטער שוין דיין מאַנכעלע
אין פּערל - קלייד אַ ראָזן.

שיינט אַרויס פון רעקעלע
איר אידל - גרינעס קעפּל,
גריסט זיך איר דאָס באַרעלע
און גריסט זיך איר דער עפּל.

נעכטן ערשט אַ גרינינקעס,
אַ גרויסע שוין אַ צינדער! —
אַזאַ מזל, — סעדל דיר
און אַלע דיינע קינדער!

---

# אין די סעדער.

עפּל - פּעפּינקעס און פלוימען,
און די שווארצע בארן - בער.
בעטן בוימער: „ליבע קינדער,
נעמט אראפּ א קאפּ, ס'איז שווער."

לאזט זיך חברה לאנג ניט בעטן,
לאנג ניט בעטן — צוליב וואס? —
טרייסלען בוימער, ברינגן צווייגן,
פאלן פרוכטן אויפן גראז.

עסט מען אן זיך זיס און זאפטיג,
זאפט און זיסקייט, האניק - ווייַן. —
ווען אין מויל שוין קאן ניט קריכן,
קריכט אין קעשענע אריין.

פולע קעשענעס געפּאקטע,
קוים צו רירן זיך מיט זיי. —

און סע גלוסטן נאָך די אויגן,
נאָר די בייכלאַך טוען וויי.

מוז מען אָפּרוען אַ ביסל,
און אַ לייג זיך אויפן גראָז —
קוקט אַראָפּ אַ באַק פון עפּעל,
און פון פלוים אַ בלויע נאָז.

און אַ בינטל שפּאַניער ווייַנשל,
אויף דער לעצטער צווייַג, אָן דאָרט, —
אַך, זיי לאָזן דאָך ניט רוען
און אַ כאַפּ זיך פונ'ם אָרט.

קריכן, וואַרפן, רייַסן, טרייסלען
פּלאַטער - פליסער, בלעטער - בלאַט!
און געפּאַקט שוין און באַקומען
און אַ לייג זיך ווידער מאַט.

און אַרייַנגעשטעקט די ציינדלאַך
און געהאַלטן לאַנג אַזוי, —
עפּל, באַרן, ווייַנשל, פלוימען!
אָך, ווי גוט איר זענט, אוי, אוי!

— ווער פאַרזייט די פרוכט אויף בוימער?
— ווער גיסט אָן אין זיי דעם זאַפט?
טוט א שטעל זיך אויף אַ דריטער:
— שאַט, איך וויס ווער אַלעס שאַפט!

אין דער ערד דאָרט, וואוינען קינדער,
אין דער טיף, ווי מיר די גרויס;
מיליאָנען, מיליאַסן.
אַט די קינדער טראַכן אויס

אַלע, זאַפטן אַלע פאַרבן,
שטעלן אָפּ די גרויס די קליין,
און באַקליידן און באַצירן
אַלע פרוכטן איידל, שיין.

דעם — אַ עפּל מאַכן ווייניק,
און אַ יענעם — האָניק ־ זיס.
אָט די באַרן עטוואָס טערפּקע,
יענע קאַשיק, אַזש צעפּליסט.

דאָ אַ נאָפּעלע אַ שפּיציקס,
דאָרט אַ בעקעלע אַ ראָז,
דאָ אַ קעפּעלע אַ שוואַרציקס;
דאָרט אַ געלבלאַך ־ לאַנגע נאָז.

שטריכלען, שטרייפלען, שטרעמלען, שלייפן,
און באַפּלייצן מיט קאָליר.
ף' קלענסטן בלעטעלע אַפילו
מוז מען אַרבעטן אָן שיעור.

אַזוי מיען זיך די קינדער
אין דער טיפעניש פון ערד,
און זיי קלערן און זיי שאַפן,
איינס דעם צווייטן ניט געשטערט.

יעדער נעמט אַ בוים באַפרוכטן,
יעדער קינד דאָרט האָט אַ בוים.
מיט זיך, ציט פאַר ווײַנעטוועגן,
זאַפט פון טיף און זון פון רוים.

פוצט אים, צירט, און צו פאַרענדיקט.
שטייט אין וואַרטעניש דאָס קינד, —
קוקט פון טיפעניש אַרויס׳עט
הערט זיך צו צום שאָרך פון ווינט.

ביז מיר לויפן צו דעם בוים צו,
און אַז פרוכט נאָר, אונז געפעלט —
פריידט דאָס קינד זיך, אונטער ערד דאָרט
און סע טאַנצט דאָרט, און סע קוועלט:

„רײַסט און טרייסלט מײַנע פירות!
„זאַפט און זיסקײַט, האָניק - ווײַן.
„ווען אין מויל שוין קאָן ניט קריכן
„שטופט אין קעשענעס אַרײַן! —

„פולע קעשענעס אַרײַן!"

# מײַן ליוסי

סײַ דער טאַטע, סײַ די מאַמע,
צו דער אַרבעט שוין אַוועק;
איז געבליבן איך און ליוסי,
איז נאָך ליוסי גאָר אַשנעק.

וואָס איך טו נאָר שלאָגט זי איבער, —
אַרבעט האָב איך דאָך אַ גוואַלד:
נאָך פאַרענדיקן דאָס וועגל,
און צו פאָרן נאָך אין וואַלד.

ס'איז מײַן פערד נאָך אָן אַ פיסל,
הינקט ער נעבעך מײַן פערדאַטש.
נאָך אָן רינגעלאַך דאָס צוימל,
און אָן סמאָלע נאָך די בײַטש.

נאָר מײַן ליוסי שטערט די אַרבעט,
רײַסט פון הענט מיר דאָס געצײַג, —

בין איך טאַקע ווי געפּענטעט,
ווי אַ פויגל אין אַ שטייג.

— „ליוסי, ליוסי, נאַ אַ גלעקל!
נאַ אַ קעסטעלע מיט קנעפּ!
קוק, עס וויינט דיין שיינע ליאַלקע,
זי איז געפאַלן אויף די טרעפּ.״
שפּילט זיך טאַקע ליוסי אַ ביסל,
איך פאַרענדיק דאָ מיין שפּאַן.
שוין דאָס פערד געצוימט אין וועגל,
און דאָס ביימשעל אויך פאַרהאַן.
— „איצטער, ליוסי, קום זיך זעצן,
קריך אין וועגל אָט־אָ־דאָ.
וויאָ! אין שטאָט צו טאַטע מאַמע! —
היידאַ, היידאַ, היידאַ, וויאָ!״



